L. N. TOLSTOY IN SLAUGHTER HOUSE.

# אין שלאכט הויז

פון

## ל. נ. טאלסטאי



אידיש פון ה. גאלדבערג



„НА БОЙНѢ" Л. Н. ТОЛСТОГО.



ארויסגעגעבען פון

וועגעטעריאנער פעדעראציאן פון אמעריקא.

שיקאגא, 1915

מיט אנפראגען איבער וועגעטאריום זיך ווענדען:

H. GOLDBLUM
1516 S. 5th Street, Philadelphia, Pa.

M. A. STOLAR
2429 W. Division Street Chicago, Ill.

J. MOTT
114 W. 14th Street New York, N. Y.

H. LEIB
55 Bridge Street Paterson, N. J.

# אין שלאַכט-הויז

די טעג בין איך געווען אין שלאַכטהויז אין אונזער שטאָדט טולא. דאָס שלאַכטהויז איז בײַ אונז געבויט נאָך דעם נייעם פערפאָלקאָמטען סיסטעם, ווי אין די גרויסע שטעדט, אזוי, אז די ערמאָרדעטע חיות זאָלען זיך וואָס וועניגער מאַטערן. דאָס איז געווען פרייטאָג, צוויי טעג פאַר טראיצא. בהמות זיינען געווען זעהר פיעל.

נאָך פריהער, לעזענדיג דאָס פראַכטפאָלע בוך: „די עטהיק פון שפייז“, האָט זיך מיר פערוואָלט, זיין אין שלאַכטהויז, כדי מיט מיינע אייגענע אויגען צו בעטראַכטען און דערזעהן דעם תמצית פון דער זאַך, וועלכע מ׳האָט אין זינען, ווען מען רעדט וועגען וועגעטאַריזם. ס׳הארץ האָט אָבער נישט דערלאָזען, אזוי ווי דאָס האַרץ דערלאָזט געוועהנליך נישט צו צוקוקען די ליידען, וועלכע מוזען געשעהן, אָבער וועלכע דו ביזט נישט בכח אָבצוהאַלטען; און איך האָב דעריבער אַלץ אָפּגעלעגט.

—

אָבער דאָ ניט לאַנג האָב איך זיך אויפ׳ן וועג בעגעגענט מיט א קצב, וועלכער איז געגאַנגען אהיים און האָט זיך יעצט אומגעקעהרט קיין טולא. ער איז געווען נאָך נישט קיין געניטער קצב, און זיין פליכט איז געווען — צו שטעכען מיט׳ן קינזשאַל. איך האָב איהם געפרעגט, צו עס טוט איהם נישט לייד צו הרג׳ענען די בהמות. און ווי מען ענטפערט שטענדיג, האָט אויך ער געענטפערט: „צו וואָס רחמנות האָבען? מ׳דאַרף דאָך“. אָבער ווען איך האָב איהם געזאָגט, אז עסען פלייש איז נישט נויטיג, האָט ער מסכים געווען, און האָט דאַן איינגעשטימט, אז עס איז טאַקי א רחמנות. „וואָס־זשע זאָל מען טאָן? מען מוז דאָך עסען“, — האָט ער געזאָגט. „פריהער־

האָב איך מ ו ר א געהאַט צו שלאָבטען. מיין פֿאָטער האָט אין זיין לעבען אפילו קיין הינדעל נישט געקוילעט". — מעהרבטנעס קענען מענשען נישט הרג'ענען. ווי האָבען מיט־ליד, אויסדריקענדיג דעם געפיהל מיט'ן וואָרט: „מורא האָ־בען". ער האָט אויך מורא געהאַט, אָבער ער האָט איבערגע־הערט. ער האָט מיר ערקלערט, אז די גרעסטע ארבייט איז פֿרייטאָג, און ס'פֿערציהט זיך ביז'ן אבענד.

אָט דאָ נים לאנג האָב איך זיך איך צורעדט מיט א כאָ־ראַט, א קצב. און ער איז אויך געווען פֿערוואונדערט פֿון מיין בעהויפטונג, אז ס'איז א חכמות צו הרג'ענען. און, ווי אימער, האָט אויך ער געזאָגט, אז אזוי מוז דאָס שוין זיין; דערנאָך אָבער האָט ער איינגעשטימט: „בעזאָנדערס, דאָס שטילינקע, היימישע קיהעלע. זי געהט די האַרציגע. זי גלויבט דיר. כ'לעבען א חכמות!

מיר זיינען אמאָל געגאַנגען פֿון מאָסקווא, און אויפ'ן וועג האָבען אונז אונטערגעפֿיהרט די בעלי־עגלות, וואָס זיינען גע־פֿאָהרען פֿון סערפּוכאָוו צום סוחר אין וואלד נאָך האָלץ. ס'איז געווען פֿאר יום־טוב. איך בין געזעסען אויף דער פֿאָהרשטער פֿוהר מיט'ן פֿוהרמאַן, א פֿייער, א געזונטער, א רויטער, א גראָבער, און, וואָהרשיינליך, א שטאַרקער טרינקער. אריינ־פֿאָהרענדיג אין א דאָרף, האָבען מיר דערזעהן, ווי פֿון א הויף האָט מען געשלעפּט צו דערהרג'ענען א גרויסען, אָפּגעפּאַ־שעטען, הויטריבען חזיר. ער האָט געקוויטשעט מיט א פֿערצווייפֿעלטער שטימע, וואָס איז געווען ענליך אויף א מענשליכען געשריי. פונקט אין דער צייט, וואָס מיר זיינען פֿארבייגעפֿאָהרען, האָט מען דעם חזיר אויפֿגעהויבען צו הרג־ענען. איינער פֿון די מענשען האָט איהם א פֿיהר געגעבען מיט א מעסער איבער'ן האלז. ער האָט נאָך שטאַרקער, נאָך שרעקליכער געקוויטשעט, האָט זיך אויסגעריסען און איז אוועקגעלאָפֿען, זיך בעגיסענדיג מיט בלוט. איך בין קורצזיכ־טיג. און איך האָב נישט געזעהן אלץ גענוי. איך האָב בלויז

געזעהן דאס רויטליכע, ווי א מענשענס, לייב פונ'ם חזיר און האב געהערט זיין פערצווייפעלטע קוויטשעריי; אבער דער פוהרמאן האט געזעהן אלע איינצעלהייטען, און, נים אפרייסענדיג קיין אויג, האט ער געקוקט אהינצו. דעם חזיר האט מען געכאפט, אנידערגעשליידערט און גענומען צו דערקוילענען. ווען דאס קוויטשען האט זיך איינגעשטילט, האט דער פוהרמאן שווער אפגעזיפצט... „מיט שווינדישע וועלען זיי פאר דעם קיין חשבון נישט אפגעבען?" האט ער אריינגערעדט.

אזוי שטארק איז ביים מענשען דער עקעל צו יעדען מארה, אבער דורך אייגענעם ביישפיעל, דורך איבערייצען די מענשליכע תאוות, דורך דעם בעהויפטען, אז ס'איז ערלויבט פון גאט, און הויפטזעכליך דורך געוועהנהייט, ברענגט מען די מענשען צום פולשטענדיגען פערליערען פון דיזען נאטירליכען געפיהל.

פרייטאג בין איך געגאנגען אין שלאכטהויז, און בעגעגענדיג מיינעם א בעקאנטען, א שטילען און גוטען מענשען, האב איך איהם איינגעלאדען צו געהן מיט מיר.

— יא, איך האב געהערט, אז דא איז גוט איינגעארדענט, און האב געוואלט א קוק טאן, אבער אויב מען קוילעט דארטען, וועל איך נים אריינגעהן.

— פארוואס? איך וויל דוקא דאס זעהן! אויב עסען פלייש, מוז מען דאך שלאכטען.

— ניין, ניין, איך קען נישט!

מערקווירדיג איז דערביי וואס אט דער מענש איז אליין א יעגער און הרג'עט פויגלען און ווילדע חיות.

מיר זיינען געקומען. ביים אריינפאהר האט זיך שוין אנגעהויבען צו פיהלען א שווערער עקעלהאפטער פוילער ריח, ווי פון סטאליערישע קליי אדער קלייפארב. וואס ווייטער מיר זיינען געגאנגען, אלץ שטארקער איז געווען דער גערוך. די געביידע — א הויכע, פון ציגעל, זעהר א גרויסע, מיט ארקעס און הויכע קוימענס. מיר זיינען אריינגעגאנגען אין די טויערן.

רעכטס איז געווען א גרויסער ארומגעצאמטער הויף פון אונגעפעהר 1¼ דעסיאטינע — דאס איז א קליינער, אפגענער פלאץ, וואוהין מ'פערטרייבט די פערקויפטע בהמות, — און אויף דעם עק פון דיזען פלאץ איז געווען דאס שטיבעל פון דעם הוואַרניק (וויעהאויפזעהער); ליינקס זיינען געווען, ווי זיי רופען דאס, די קאמערן, ד. ה. ציממערן מיט הונדע טירען, מיט אן אפגעפאלטענעם, אויסגעבויגענעם באדען, און מיט איינריכטונגען צו אויפהענגען און איבערדרוקען די טויטע קערפערס. ביי דער וואנד פון דעם שטיבעל רעכטס, זיינען אויף א באנק געזעסען א זעקס קצבים אין פארטוכער, בעגאסענע מיט בלוט, מיט פארקאשערטע, פערשפריצטע ארבעל אויף די מוסקולעזע הענד. שוין א האלבע שטונדע, ווי זיי האבען געענדיגט זייער ארבייט, אזוי, אז מיר דאבען דאס מאל נור געקענט זעהן לעדיגע קאמערן. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס פון ביידע זייטען זיינען די טירען געווען אפען, איז אין קאמער געווען א שווערער גערוך פון וואַרעם בלוט. דער באדען איז איינגאנצען געווען א ברוינער, א גלאנצענדיגער, און אין די גריבעלעך האט זיך אפגעשטעלט פארגליווערטעס, שווארצעס בלוט.

איינער פון די קצבים האט אונז דערצעהלט, ווי אזוי זיי קוילענען, און האט אונז אנגעוויזען דעם פלאץ, וואו דאס קומט פאר. איך האב איהם ניט אין גאנצען פערשטאנען און איך האב זיך געשאפען א פאלשעס, אבער זעהר שרעקליכעס בילד פון דעם, ווי אזוי מ'הרג'עט די לעבעדיגע בהמות, און האב געדענקט, ווי עס טרעפט זיך אפט, אז די ווירקליכקייט וועט אויף מיר מאכען א קלענערן איינדרוק, ווי דאס פארגעשטעלטע. אבער אין דעם האב איך א טעות געהאט.

דעם נעכסטען מאל בין איך שוין אין שלאכטהויז געקומען אין צייט. דאס איז געווען פרייטאג פאר טראיצא. עס איז געווען א הייסער יוני־טאג. דער ריח פון קליי, פון בלוט איז נאך געווען שטארקער, בעמערקבארער, ווי ביי מיין ערשטען

בעזוך. די אַרבייט איז געווען אין רעכטען ברען. דער גאַנצער שטויביגער בריקעל איז געווען פול מיט בהמות, און בהמות זיינען אויך געווען אריינגעטריבען אין אַלע שטאַלען לעבען די קאַמערען. ביים אריינפאָהר, אויף דער גאַס, זיינען געשטאַנען פוהרען, מיט צו די שטאַנגען און דישעלס צוגעבונדענע אָקסען, קעלבער און פיה. וועגען, איינגעשפאַנטע מיט גוטע פערד, מיט אָנגעוואָרפענע לעבעדיגע קעלבער, וואָס טרייסלען זיך מיט זייערע אראָפגעהאַנגענע קעפּ, זיינען צוגעפאָהרען און האָבען זיך אַלע מאָל אויבגעלעדיגט; און פונקט אזעלכע וועגען, מיט ארויסגעשטעקטע, שאָקלענדיגע פיס פון געקוילעטע אָקסען, מיט זייערע קעפּ, העל רויטע לונגען און ברוינע לעבערס, זיינען אָבגעפאָהרען פון שלאַכטהויז. ביים פלויט זיינען געשטאַנען די רייט־פערד פון די „הורטאָווישטשיקעס". די הורט־סוחרים גופא זיינען ארומגעגאַנגען איבער'ן הויף אין זייערע לאַנגע פראַקען, מיט ליטער און בייטשען אין די הענט, עגטוועדער אָנמערקענדיג מיט דושעגאַכטס די בהמות פון איין בעל־הבית, אָדער דינגענדיג זיך, אָדער בעלי־בית'עוועלדיג מיט'ן איבערפיהרען די אָקסען און קיה פונ'ם בריקעל אין די שטאַלען, פון וועלכע די בהמות קומען שוין ארויס גלייך אין די קאַמערען. אַט דיזע מענשען זיינען, ווי עס שיינט, שטאַרק געווען פערנומען מיט געלד־אַנגעלעגענהייטען, מיט פערשיעדענע חשבונות, און דער געדאַנק צו עס איז גוט אָדער ניט צו הרג'ענען די חיות איז פון זיי געווען פונקט אזוי ווייט, ווי דער געדאַנק וועגען דעם, פון וואָס פאַר א מעמבראַן בעשטאַנד עס איז די בלוט, מיט וועלכער עס איז געווען בעגאָסען דער באָדען פון דער קאַמער.

פון די קצבים האָט מען קיינעם נישט געזעהן אויפ'ן הויף. אַלע זיינען זיי געווען אין די קאַמערן, אַרבייטענדיג. אין דעם טאָג זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען עפּעס א 100 שטיק אָקסען. איך בין אריין אין קאַמער און געבליבען שטעהן ביי דער טיהר. אָבגעשטעלט זיך ביי דער טיהר האָב איך דערפאַר,

וואָס אין קאַמער איז זעהר ענג געווען פון די הענגענדיגע גופים און ווייל דאָס בלוט האָט געפלאָסען אונטען און געקאַפּעט פון אויבען, און אַלע קצבים, וועלכע האָבען זיך דאָ געפונען, זיינען געווען אויסגעשמירט אין בלוט, און אריינגעהענדיג אין דער מיט, וואָלט איך זיך זיכער אויך אויסגעשמירט אין בלוט. איין אונטערגעהאַנגענעם גוף האָט מען ארונטערגענומען, דעם צווייטען האָט מען איבערגערוקט צו דער טיהר, דער דריטער— א געהרג'עטער אָקס, איז געלעגען מיט זיינע ווייסע פיס ארויף, און דער קצב האָט מיט זיין שטאַרקען פויסט געשונדען די אויסגעצויגענע פעל. פון דער טיהר, וואָס אַנטקעגען דער, ביי וועלכער איך בין געשטאַנען, האָט מען אין דערזעלבער צייט אריינגעפיהרט א גרויסען, רויטען, זאַטען אָקס. צווייען האָבען איהם געשלעפּט. זיי האָבען נאָך ניט בעוויזען איהם אריינצופיהרען, ווי איך האָב דערזעהן, ווי איינער א קצב האָט א הויב געטאָן זיין מעסער איבער זיין האַלז און א שטאַרקען קלאַפּ געגעבען. דער אָקס איז אַנידערגעפאַלען אויפ'ן בויך, גלייך ווי מ'וואָלט איהם מיט אמאָל אַלע פיער פיס אונטערגע־ האַקט, האָט זיך באַלד איבערגעקאַטשעט אויף א זייט און האָט אָנגעהויבען צו וואַרפען מיט די פיס און מיט'ן גאַנצען הינ־ טערהלק. באַלד האָט זיך איין קצב א וואָרף געטאָן אויף דעם פאָדערטייל פון אָקס, פון דער צווייטער זייט פון זיינע זיך וואַרפענדע פיס, האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הערנער, צו־ געדריקט דעם קאָפּ צו דער ערד, און אַן אנדער קצב האָט מיט א מעסער איהם איבערגעשניטען דעם האַלז, און פון אונטער זיין קאָפּ האָט א שטראָם געטאָן שוואַרץ־רויטע בלוט, אונטער וועלכע אַן איינגעשמירטער אינגעל האָט אונטערגעשטעלט א בלעכענעם בעקען. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס מ'האָט דאָס געטאָן, האָט זיך דער אָקס אָהן אויפהער געריסען מיט'ן קאָפּ, פּרובירענדיג זיך אויפצוהויבען, און האָט זיך געשלאָגען מיט אַלע פיער פיס אין דער לופטען. דער בעקען איז שנעל אָנגע־ פילט געוואָרען, אָבער דער אָקס איז נאָך אַלץ געווען לעבעדיג

און, שווער פּאַבענדיג מיט'ן בויך, האָט ער געוואָרפען מיט די פאָדערשטע און הינטערשטע פיס, אַז די קצבים האָבען זיך געמיזט אָפּרוקען פון איהם. ווען איין בעקעל איז פול געוואָרען, האָט איהם דער איינגעל אַוועקגעטראָגען אויפ'ן קאָפּ אין דער אַלבומינען־פאַבריק. אַן אַנדערער האָט אונטערגעשטעלט נאָך אַ בעקען, וועלכער האָט אויך אָנגעהויבען זיך אָנצופילען. דער אָקס האָט נאָך אַלין געפּאָכעט מיט'ן בויך און געוואָרפען מיט די הינטערשטע פיס. ווען דאָס בלוט האָט אויפגעהערט צו רינען, האָט דער קצב אונטערגעהויבען דעם אָקס'ס קאָפּ און אָנגעהויבען אַרונטערצורייסען פון איהם די פעל. דער אָקס האָט נאָך אַלין_געהאַלטען אין וואַרפען זיך. דער קאָפּ איז נאַקעט געוואָרען, געוואָרען רויט איבערגעצויגען מיט ווייסע אָדערן, און האָט בעקומען דעם אויסזעהן, וואָס די קצבים האָבען איהם געגעבען. פון ביידע זייטען איז אַראָבגעהאַנגען די פעל. דער אָקס האָט נישט אויפגעהערט זיך צו וואַרפען. אַן אַנדער קצב האָט אָנגעכאַפּט דעם אָקס פאַר אַ פוס, איינגע־בראָכען און אָפּגעשניטען זי. אין בויך און אין די איבעריגע פיס איז איבערגעלאָפען אַ מין ציטער. מען האָט אָפּגעשניטען אויך די איבעריגע פיס און זיי אַוועקגעוואָרפען אַהין, וואו מען האָט צונויפגעוואָרפען די אָקסענס פיס פון איין בעל־הבית. נאָכדעם האָט מען צוגעשלעפּט די טויטע מאַסע צום קלאָץ, דאָרט האָט מען זי צוהאַקט אויף שטיקער, און דאָרט איז שוין מעהר אויך קיין בעוועגונג נישט געווען.

אַזוי האָב איך געזוכט פון דער טיהר אויפ'ן צווייטען, דריטען, פירטען אָקס. מיט אַלע איז געווען דאָסזעלבע: דערזעלבער אָפּגעשניטענער קאָפּ, מיט'ן פאַרביסענעם צונג און מיט'ן זיך וואַרפענדיגען הינטערהלק. דער אונטערשיעד איז געווען נור, וואָס נישט שטענדיג איז עס דעם שלאַכטער געלונגען צו טרעפען אין ריכטיגען פלאַץ. עס פלעגט פּאַסירען, אַז דער שלאַכטער האָט ניט געטראָפען, און דער אָקס האָט זיך געוואָרפען, געשריען, בעגיסענדיג זיך מיט בלוט, און גע־

ריסען זיך פון די הענט. דאן אָבער פלעגט מען איהם ארונטערציהען אונטער קלאָץ, ווידער — א קלאַפּ מיט'ן מעסער, און דער קאָפּ איז געפאַלען.

איך בין נאָכדעם אריינגעגאנגען פון דער זייט פון יענער טיהר הויף וועלכע מען פיהרט אריין. דאָ האָב איך געזעהן דאָסזעלבע, אָבער נעהענטער, און דערפאַר דייטליכער. איך האָב דאָ, דער עיקר, דערזעהן דאָס, וואָס כ'האָב פון דער ערשטער טיהר נישט געזעהן: מיט וואָס מען האָט געצוואונגען די אָקסען אריינצוגעהן אין טיהר. יעדעס מאָל, ווען מען האָט גענומען אן אָקס פון הויף און מען האָט איהם געשלעפּט מיט א שטריק צוגעבונדען צו די הערנער, פלעגט ער, פיהלענדיג בלוט, איינשפּארען זיך, אָפטמאָל שרייען און זיך צוריקשטופּען. מיט געוואַלד איהם אריינשלעפּען וואָלט פאר צוויי מענשען אוממעגליך געווען, און דערפאַר פלעגט יעדעס מאָל, ביי אזא פאַל, אונטערקומען א קצב פון הינטען, אָננעהמען דעם אָקס פאר'ן עק און איהם אזוי שטארק דרעהען, אז די קנאָכען האָבען אויך געקנאַקט, און דער אָקס פלעגט זיך דאן רוקען ווייטער.

געענדיגט מיט די אָקסען פון איין בעלהבית, האָט מען אָנגעהויבען צו פיהרען די בהמות פונ'ם צווייטען. די ערשטע בהמה פון דער פּאַרטיע איז געווען א בחור (סטיר), א שטאָלצער, שעהנער, שוואַרצער, מיט ווייסע פלעקען און ווייסע פיס,—א יונגע, מוסקולעזע, ענערגישע חיה. מען האָט איהם געשלעפּט. ער האָט אראָפּגעלאָזען זיין קאָפּ און האָט זיך ענטשלאָסען איינגעשפּאַרט. נור דער קצב, וואָס איז געגאנגען פון הינטען, האָט איהם אָנגענומען ביים עק, ווי א מאַשיניסט נעהמט אָן די הענטעל פון א פייפעל, האָט איהם איבערגעדרעהט: די קנאָכען האָבען געקנאַקט, און דער בחור האָט זיך א לאָז געטאָן פאָראויס איבערוואַרפענדיג זיינע מחברים. וואָס האָבען איהם געשלעפּט פאר'ן שטריק, און ווידער זיך איינגעשפּאַרט. ניט קיין טראָט צו מאַכען, קוקענדיג אָן א זייט מיט

זײַן מיט בלוט פֿאַרגאָסענעם אויג. דער עק האָט ווידער אָנ־געהויבן קנאַקן, דער בוהאַי האָט זיך אַ ריס געטאָן און איז באַלד געווען דאָרט, וואו ער האָט געדאַרפֿט זײַן. דער שלאַכ־טער איז צוגעגאַנגען, זיך צוגעצילט און אַ קלאַפּ געטאָן. דער קלאַפּ האָט ניט געטראָפֿען אין ריכטיגן אָרט. דער בוהאַי איז אונטערגעשפּרונגען, אָנגעהויבן דרייען מיט'ן קאָפּ, אַרויסגעלאָזן אַ ווילדן געשריי און, בעגיסענדיג זיך מיט בלוט, האָט ער זיך אַרויסגעריסן און אַ וואָרף געטאָן זיך צוריק. אַלע, וואָס זײַנען געשטאַנען אין טיר, האָבן אויפֿגע־ציטערט. די געניטע קצבים האָבן מיט העלדישקייט, וואָס האָט זיך בײַ זיי אויסגעאַרבעט פֿון געפֿאַהר, זיך אָנגעכאַפּט דעם שטריק, ווידער אַמאָל בײַם עק, און דער בוהאַי האָט זיך ווידער געפֿונען אין קאַמער, וואו מען האָט זײַן קאָפּ צוגעצויגן אונטער'ן קלאָץ, פֿון וואַנען ער האָט זיך שוין נישט אַרויסגע־ריסן. דער שלאַכטער האָט שנעל מיט'ן אײַז אויסגעמאָסטן דאָס אָרט, וואו די האָר צוגעהן זיך אויפֿ'ן שטערן, און ניט קוקענדיג אויף די בלוט, האָט ער עס געפֿונען, און אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן. און די שעהנע, פֿול מיט לעבן, בהמה, איז אומגעפֿאַלן, זיך אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט'ן קאָפּ, מיט די פֿיס, ביז מען האָט אַרויסגעלאָזן דאָס בלוט און אָפּגעשנידן דעם קאָפּ.

— אַזאַ פֿאַרפֿלוכטער טייוועל, געפֿאַלן איז ער אויך נישט. וואָס מען דאַרף! האָט געמורמעלט דער קצב, אָראָפּשנײַדענ־דיג די הויט פֿון קאָפּ.

אין 5 מינוט אַרום האָט שוין אַרויסגעשטאַרצט אַ רויטער, אַנשטאָט דעם פֿריהערדיגן שוואַרצן, קאָפּ, מיט גלעזערנ־אָנגעשטעלטע אויגן, וועלכע האָבן מיט פֿינף מינוט צוריק געגלאַנצט מיט אַזאַ שעהנעם קאָליר.

נאָכדעם בין איך געגאַנגען אין דער אָפּטיילונג, וואו מען שנײַדט די קליינע פֿיה. זעהר אַ גרויסע קאַמער, אַ לאַנגע מיט אַן אָבפּאַלטענעם דיל און טישען מיט פּאַרענטשעס, אויף וועל־

כע מען קוילעט שעפּסען און קעלבער. דאָ איז שוין די אַר־
בייט געווען בערעדיגט; אין דער לאַנגער קאַמער, וואָס איז
געווען דורכגעזאַפּט מיט'ן גערוך פון בלוט, זיינען געווען בלויז
צוויי קצבים. איינער האָט געבלאָזען אין פּיסק פון א שוין גע־
הרג'עטען באַראַן און האָט געפּאַטשט מיט'ן האַנט איבער דעם
אָנגעבלאָזענעם בויך; דער אַנדערער, א יונגער הבהרמאַן אין
א מיט בלוט־פאַרשפּריצטען פאַרטוך, האָט גערויבערט אַן
אויסגעבויגענעם סינאַרעט. מעהר איז קיינער נישט געווען
אין דער טונקעלער, לאַנגער מיט א שלעכטען גערוך דורכ־
געזאַפּטער קאַמער. באַלד נאָך מיר איז אַריינגעקומען נאָכ'ן
אויסזעהן נאָך, אַן אויסגעדיענטער סאָלדאַט און האָט אַריינ־
געבראַכט א יונגען שוואַרצען לעמעל, מיט צונויפגעבונדענע
פיס און מיט א צייכען איבער'ן האַלז, און האָט אוועקגעלעגט
אויף איינעם פון די טישען, אזוי ווי אויף א בעטיל. דער
סאָלדאַט, ווי עס שיינט, א בעקאַנטער, האָט זיך געריעבט,
פאַרפיהרט א שמועס וועגען דעם וועגען דער בעל־הבית לאָזט
פריי. דער יונג מיט'ן סינאַרעטיל איז צוגעגאַנגען מיט א
מעסער, וועלכען ער האָט א פריהר געטאָן איבער'ן ברעג טיש,
און האָט געענטפערט, אז יום־טוב־צייט. דאָס לעבעדיג לע־
מעלע איז געלעגען פונקט אזוי שטיל, ווי דער טויטער באַראַן;
אָנגעבלאָזען, נאָר שנעל שאָקלענדיג מיט'ן קורצינקען וויידעלע,
און פּאַכענדיג מיט די זייטען עפּעס, ווי געוועהנליך. דער
סאָלדאַט האָט לייכט, אהן אַנשטרענגונג, אונטערגעהאַלטען
זיין אויפגעהויבענעם קאָפּ; דער יונג, פאַרטויענדיג דעם
מעסער, האָט דעם לעמעל אָנגענומען מיט דער לינקער האַנד
פאַר'ן קאָפּ, און רוהיג איינגעשניטען זיין האַלז. דאָס לעמעל
האָט זיך א שטאַרקער טרייסעל געטאָן, און זיין ער האָט זיך
שוין אויפגעהערט צו דרעהען. דער יונג, אָפּוואַרטענדיג ביז
דאָס בלוט וועט אָפּפליסען, האָט אָנגעהויבען צו פאַררייכערן
דעם אויסגעלאָשענעם סינאַרעט. דאָס בלוט האָט זיך גענאָ־

סען, דאָס לעבעל האָט זיך געוואָרפען, און דער געשפּרעך איז אָנגעגאַנגען אָהן אונטערברעכונג.

און יענע היהנער און היהנדלאך, וועלכע שפּרינגען יעדען טאָג אין טויזענדער קיבען, אזוי קאָמיש און שרעקליך, מיט די ארונטערגעשניטענע קעפּלאך, זיך פערגיסענדיג מיט בלוט און וואַרפענדיג מיט די פליגלען!

און זעה, אן אידעלע, צאַרטע דאַמע וועט פרעסען די קערפּערס פון אָט די חיות מיט פולער זיכערהייט אין איהר גערעכטיגקייט, בעהויפּטענדיג צוויי געגענזעצליכע, איינס דאָס אנדערע אויסשליסענדיגע הנחות.

ערשטענס, אז זי, ווי עס פערזיכערט איהר דאָקטאָר, איז אזוי דעליקאַט. אז זי קאָן נישט אריבערטראָגען בלויז פלאַנצען־שפּייז, און אז פאר איהר שוואַכען אָרגאַניזם איז איהר נויטיג פלייש־שפּייז; און צווייטענס, אז זי איז אזוי עמפּפינדליך, אז ניט נור קען זי אליין קיין יסורים נישט פערשאַפען, נור זי קען עס אפילו נישט צוזעהן.

און דאָך איז זי שוואַך, אָט די אָרימע פּריצ'טע, נור דערפאר, וואָס מען האָט איהר צוגעוואָהנט צו נעהרען זיך מיט שפּייז, וועלכע איז נישט אייגענשאַפטליך פאר מענשען; ווידער קען זי נישט ניט פערשאַפען קיין ליידען צו חיות, ווייל זי פרעסט דאָך זיי.

---

מיר קענען זיך ניט איינריידען, אז מיר ווייסען דאָס ניט. מיר זיינען ניט קיין שטרויס־פייגעל, און מיר קאָנען ניט גלויבען, אז אויב מיר וועלען נישט קוקען, דאַן וועט נישט זיין דאָס, וואָס מיר ווילען נישט זעהן. נאָך מעהר איז דאָס אונמעגליך, ווען מיר ווילען נישט זעהן דאָס יעניגע, וואָס מיר ווילען עסען. און איבערהויפּט, ווען עס וואָלט באמת געווען נויטווענדיג. נור לאָמיר זאָגען, אז עס איז נישט נויטווענדיג,

דארף מען עס אָבער אויף עפּעס האָבּען? — אויף גאָרנישט.*) נור דארום, כדי צו ערציהען אין זיך טהיערישע געפיהלען, ענטוויקלען אין זיך שלעכטע לײדענשאפטען, אויסגעלאסענהייט, שכרות. וואָס עס ווערט אויך שטענדיג בעשטעטיגט דורך דעם, וואָס יונגע, גוטע, ניט פארדאָרבענע מענשען, איבערהויפט פרויען און מיידלאך, פיהלען, ניט וויסענדיג, ווי אזוי איינס קומט ארויס פונ'ם צווייטען, אז טוגענד און זיטליכקייט קאָן זיך ניט חבר'ען מיט א ביפסטעקס, און ווען זיי בעקומען א פערלאנג צו ווערען גוטע מענשען, ווארפען זיי גלייך אָוועק דאָס פלייש־עסען.

וואָס־זשע וויל איך זאָגען? אז כדי מענשען זאָלען זיין מאָראליש, מוזען זיי אָוועקוואַרפען דאָס פלייש־עסען? ניין, החלוטין נישט.

איך האָב נור געוואָלט זאָגען, אז כדי צו פיהרען א גוט לעבען, איז נויטיג א געוויסע אָרדנונג פון גוטע טהאטען; אז אויב דאָס שטרעבען צו א גוט לעבען איז ערנסט ביים מענשען, דאַן וועט עס אומבעדינגט אָננעהמען א געוויסע אָרדנונג; און אז אין דיזער אָרדנונג וועט די ערשטע טוגענד, איבער וועלכער עס וועט ארבייטען, זיין — דאָס צוריקהאלטען זיך און זעלבסטבעהערשונג. שטרעבענדיג אָבער צום צוריקהאלטען

---

די, וועלכע צווייפלען אין דעם, זאָלען לעזען יענע צאהלרייכע, צוזאמענגעשטעלטע פון גרויסע געלעהרטע און דאָקטוירים, ביכער איבער דעם ענין, אין וועלכע עס ווערט דערוויזען, אז פלייש איז ניט נויטיג פאר'ן מענשענס נאהרונג. און זאָלען זיי זיך נישט צוהערען צו די אלטמאָדישע דאָקטוירים, וועלכע פערטיידיגען די נויטווענדיגקייט פון פלייש־עסען נור דערפאר, ווייל זייערע עלטערן און אור־עלטערן האָבען עס אנערקענט, און זיי אנערקענען עס אויך. זיי פערטיידיגען דאָס מיט א מין עקשנות און קנאה, ווי מען פערטיידיגט אימער אלץ, וואָס איז אלט און אָבגעלעבט.

זיך, וועט דער מענש אונבעדינגט ווידער נאָכפאָלגען א גע־ וויסע אָרדנונג, און אין דער דאָזיגער אָרדנונג וועט דאָס ער־ שטע זיין דאָס צוריקהאַלטען זיך אין שפּייז; עס וועט זיין דער תענית. פאַסטענדיג, — אויב ער זוכט ערנסט און אויפריכ־ טיג דאָס גוטע לעבען, — וועט ער פריהער פון אַלין זיך אָב־ האַלטען פון עסען פלייש פון חיות, ווייל, שוין נישט רעדענדיג וועגען דעם, וואָס דאָס ערוועקט די ליידענשאַפטען, איז דער געברויך פון פלייש איינפאך אונמאָראַליש, ווייל עס פאָדערט א טהאט, וואָס איז מאוס און געגען דער מאָראַל — דאָס מאָר־ דען, און דאָס ווערט אַרויסגערופען נור פון פרעסעריי, פון בע־ געהר צו נאַשעריי.

פאַרוואָס דוקא דאָס צוריקהאַלטען זיך פון פלייש עסען וועט זיין דער ערשטער טריט אין פאַסטען און מאָראַלישען לעבען, איז שוין גענוג גוט ערקלעהרט, און נישט פון איין מענשען, נור פון דער גאַנצער מענשהייט דורך איהרע בעסטע פאָרשטעהער אין׳ם מיטך פון דעם גאַנצען בעוואוסטזיניגען לעבען פון דער מענשהייט.

אָבער פאַרוואָס, אויב די אונגעזעצליכקייט, איך מיין, די אונמאָראַלישקייט פון דער טהיערישער שפּייז איז אַזוי לאַנג בעקאַנט דער מענשהייט, זיינען די מענשען דאָך ביז יעצט נישט געקומען צום אנערקענען פון דיזען וויכטיגען געזעץ? װעלען פרעגען מענשען, וועלכע זיינען פון שטענדיג געוואָהנט צו פיהרען זיך נישט אַזוי פיעל לויט זייער אייגענעם פער־ שטאַנד, ווי לויט דער אַלגעמיינער מיינונג. די תשובה אויף דער פראגע איז, אז די גאַנצע עטהישע בעוועגונג פון דער מענשהייט, וואָס שאַפט דעם גרונד פון יעדער בעוועגונג, געהט שטענדיג זעהר לאַנגזאַם; אָבער, אז דער סמן פון אן אמת׳ער, נישט צופעליגער בעוועגונג איז איהר אונאויפהערליכקייט אין איהר שטענדיגע פערשנעלערונג.

און אזוי איז די בעוועגונג פון וועגעטאַריזם. דיזע בע־ וועגונג איז אויסגעדריקט אין אַלע געדאַנקען פון יענע גע־

לעהרטע דענקער, וועלכע זיינען אויסגערעכענט אין בוך „די שפּייז־עטיק" און אין לעבען פון דער מענשהייט אליין, וועלכע געהט ביסלעכווייז, אלץ מעהרער און מעהרער, אונבעוואוסטזיניג פון פלייש־עסען צו פלאַנצען־שפּייז, און בעוואוסטזיניג — אין דער בעוועגונג פון וועגעטאַריזם, וועלכע שפּאַנט פאָרווערטס מיט אזעלכע גיגאַנטישע שריט און פערכאַפּט אלץ גרעסערע שטרעקען. דיזער בעוועגונג געהט פאַר די לעצטע יאָהר אלץ שנעלער און שנעלער: אלץ מעהר און מעהר ביכער און זשורנאַלען ערשיינען יעדעס יאָהר, וועלכע ווערען ארויסגעגעבען צוליעב דיזען צוועק; אלץ מעהרער בעגעגענען מיר מענשען, וועלכע ענטזאגען זיך פון פלייש־שפּייז; און אין אויסלאַנד, בעזונדערס אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אמעריקא פאַרגרעסערט זיך מיט יעדען יאָהר די צאָהל פון די וועגעטאַריאַנער האָטעלען און רעסטאָראַנען.

אַט די בעוועגונג דאַרף בעזונדערס זיין טייער פאַר מענשען, וואָס לעבען מיט דער שטענדיגער שטרעבונג צו פערווירקליכען גאָט'ס קעניגרייך אויף דער ערד, ניט דערפאַר, ווייל דער וועגעטאַריזם איז א וויכטיגער שריט צו דיזען קעניגרייך (אלע אמת'ע שריט זיינען אי וויכטיג, אי ניט וויכטיג), נור דערפאַר, ווייל דאָס דיענט פאַר א סמן, אז דאָס שטרעבען צו מאָראַלישע פערפאָלקאָמענהייט פון דעם מענשען איז ערנסט און אויפריכטיג, ווייל דאָס שטרעבען האָט אָנגענומען די איינע אנפערענדערליכער אָרדנונג, וואָס הויבט זיך אָן פון ערשטען שטאַפּעל.

מען קען זיך אמת פרעהען דערמיט, פונקט ווי עס וואָלט געקענט זיך פרעהען די מענשען, וועלכע, שטרעבענדיג ארויפצוגעהן אין דער הויך פון א הויז, האָבען פריהער אומזיסט געקלעטערט אויף די ווענט פון פערשיעדענע זייטען און האָבען פּלוצלונג געפונען דעם ערשטען שטאַפּעל פון'ם לייטער, און אלע האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט ארום איהם, וויסענדיג, אז קיין אנדער וועג ארויף־צו איז נישטאָ, א חוץ דיזען ערשטען שטאַפּעל פון'ם לייטער.

ע נ ד ע.

עסט וועגעטאַרישע שפּייזען — אנשטאַט פלייש
געפּרוּווט

# דר. קעלאָג׳ס בעטטל קריק

וועגעטאַרישעס פּראָטאָס און נאַטאָס ווערט געמאַכט פון פערשיעדענע ניסען און גלוטען מעהל, פריי פון אלע טהיערישע קראַנקהייטס־פעטס, ווי אויך פון פּוטער. עס איז פּאַרעווע עבּנליך און געשמאַק צו פלייש, אָבער פיעל ריינער, מעהר נאַרהאַפט, לייכט צום פערדייען, לייכט צום צוגרייטען אין דער פאָרמע פון קאָטלעטען אָדער בראַטען, געבּרייט אָדער געדעמפּפט.

צוקער קראַנקהייט (דייעבּיטיס) ליידענדע קענען דאָס עסען, אָהנע עטוואַס צו שאַדען פיר זייער געזונד. פּראָטאָס און נאַטאָס האָט 50 פּראָצענט מעהר נאַהרונגס־שטאָף ווי פליישען אָדער געפליגעל (עס איז אָהנע גיפט־שטאָפען). פיר די וואָס ליידען פון מאָגען דורך שלעכטע ציינער, קענען דורך די שפּייזען געפינען די בעסטע הילף. איך ווערען סערווירט פערשיעדענארטיגע געקאָכטע נאַרהאַפטע שפּייזען. מיר האָבען אויך צו פערקויפען א פולען אויסוואהל פון די בעריהמטע בעטטל קריק סאַניטאַריום שפּייזען, און בין אויך צופריעדען צו די אלע קויפער זיי צו לערנען, וויאזוי די שפּייזען צו פער
פערטינען.

שילדקראוט׳ס וועגעטאַריער רעסטאָראַנט
198 איסט בראָדוויי, נ. י.

געגענאיבער די עדיוקיישאָנאל אליינס.

דער טאָלסטאָ׳אנער וועגעטאַרישער רעסטאָראַנט
55 צווייטע עוועניו, נויאָרק.

מאָדערנער וועגעטאַרישער רעסטאָראַנט,
26 דעלענסי סטריט, נויאָרק.

מאזאר׳ס וועגעטאַרישער רעסטאָראַנט,
67 צווייטע עוועניו, נויאָרק.

Smolker's Vegetarian Restaurant, 538 Bushwick Ave., Brooklyn, N. Y.

פּעטערסאָנער ראַדיקאַלען, אויפמערקזאַם!

# דער הומאַנאַ־וועגעטאַריאַנער רעסטאָראַנט

האָט זיך שוין געעפענט אין 55 פּיטקין סטריט
וואו איהר קענט שטענדיג געפינען

היגיעניש־געזונדע, נאַרהאַפט־געשמאַקפאַלע מאכלים
פאַרבעריטעט פון די בעסטע גרינסען און פרוכטען.

קומט איין מאָל, וועט איהר דאָס צווייטע מאָל געוויס אייך
אייערע פריינד מיטברענגען.

ה. לייב, מענעדזשער.

---

אום צו געניסען נאַטור געשמאַקע, ריינע שפּייזען פיר
אייער געזונד קערפּערליך און אייער מאָראַל גייסטיג,
דאַן בעזוכט

## שילדקראוט'ס
## וועגעטעריאַנער רעסטאָראַנט

198 איסט בראָדוויי, נויאָרק.

---

For a Substantial and Nourishing Meal
VISIT

## Schildkraut's VogetarianRestaurant

198 E. Broadway, New York
Opp. Educational Alliance

Visit my plac? once and you will surely bring your friends with you on your next visit, others do